# הקדמה

דער אָנהייב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַן עפּאָכע אין דער געשיכטע פון דער יידישער שפּראַך, ווען די פילאָלאָגיע האָט געדאַרפט שפּילן איר היסטאָרישע ראָלע, אויך אין טאָגטעגלעכן לעבן, דורכן אויפשטעלן לעקסישע, גראַמאַטישע און אָרטאָגראַפישע סטאַנדאַרדן. אַן אינטערנאַציאָנאַלע שפּראַך פּעאיק צו די העכסטע מענטשלעכע שאַפונגען און אויפטוען נייטיקט זיך אין אָט די סטאַנדאַרדן.

דער ציל איז דערגרייכט געוואָרן. צווישן די וויכטיקסטע שאַפונגען פונעם יאָרהונדערט אויף אַ ריי געביטן פאַרנעמען זייער בכבודיק אָרט אויך ווערק פון דער נייער יידישער ליטעראַטור. ניט געקוקט אויף דעם וואָס דער חורבן — די גרעסטע קאַטאַסטראָפע אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט — האָט שטאַרק אָפּגעשוואַכט די דעמאָגראַפישע יסודות פון דער שפּראַך, נעמט זיך יידיש ווידער בויען שוין עטלעכע צענדליק יאָר, סיי דורך אַ וואוקס פון טויזנטער אין אַקאַדעמישע און ליטעראַרישע קרייזן, סיי דורך אַ וואוקס פון הונדערטער טויזנטער, וואָס ווערן מגולגל אין מיליאָנען, אין דער מעכטיקער טראַדיציאָנעל רעליגיעזער יידישער וועלט, בפרט דער חסידישער.

אויף דער שוועל פון איין און צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז געקומען די צייט אין דער געשיכטע פון יידיש, די פילאָלאָגיע זאָל זיך לערנען ביים לעבן.

די כלל־תּקנות טיילן זיך אויס מיט דריי זאַכן פֿון פֿריערדיקע פּרוּוון אויף דעם געביט.

ערשטנס: ניט מ׳גלייבט אַז די כלל־תּקנות וועלן אָנגענומען ווערן איבער דער וועלט ביי די אַלע וואָס שרייבן ייִדיש, ניט מען איז דאָס אויסן. די אָרטאָגראַפֿישע קאָמיסיע נעמט אָן פּאַרקערט אַז די געבליבענע וואַריאַציעס אין ייִדישן אויסלייג זיינען אין די מערסטע פֿאַלן אַ סימן פֿונעם געזונטן פֿאַקטישן מצב פֿון אַ לשון וואָס ווערט גענוצט אין אַ סך לענדער ביי פֿאַרשיידנאַרטיקע יחידים און גרופּעס. די קאָמיסיע זעט אין די נייטיקייט סיי אין טאָלעראַנץ סיי אין דרך ארץ צווישן די גרופּעס. ס׳ווערט אָנערקענט אַז די געבליבענע חילוקי דעות געהערן צום גרעסטן טייל דעם תּחום פֿון געזעצמעסיקער וואַריאַציע וואָס לאָזט זיך דעפֿינירן לויט געאָגראַפֿישע, פּאָליטישע, סאָציאַלע און אידעאָלאָגישע אונטערשיידן.

צווייטנס: די כלל־תּקנות נעמען פֿאַר אַ ציל דעם באַנוץ פֿון די וואָס קענען שוין שרייבן און לייענען ייִדיש. זיי גייען אַרויס פֿון דער הנחה אַז אין ייִדיש, פּונקט ווי אין העברעאיש, זיינען פֿאַראַן נקודות וואָס זיינען וויכטיק פֿאַר קינדער און ביים אויסלערנען זיך די שפּראַך, ווי אויך צו פֿאַרשיידענע פֿאָרשערישע און דערציערישע צוועקן (למשל ווערטערביכער און לערנביכער). די וואָס קענען די שפּראַך זיינען די נקודות ניט נייטיק. פּאַרקערט, זיי איז נייטיק אַן אויסלייג מיטן סאַמע מינימום פּינטעלעך און פּאַסיקלעך. פֿאַר קינדער, סטודענטן און געוויסע לעקסיקאָגראַפֿישע צוועקן, קען שטאַרק צוניץ קומען דאָס דיפֿערענצירן ײ און ײַ ווי אויך אַלע פֿיר פּאָרלעך עקספּלאָסיוון און ספּיראַנטן — בּ און בֿ, כּ און כֿ, פּ און פֿ, תּ און תֿ, מיט דגש צי מיט רפה צי מיט ביידע. דעם אַלגעמיינעם לייענער קלעקט אָבער

מבחין זיין צווישן פּ און פֿ און די דריי מיני אלף: א, אָ און אַ. דאָס איז בהסכם מיטן טויזנטיאָריקן גאַנג פֿון דער געשיכטע פֿון יידיש שבכתב, אַ געשיכטע פֿון אַן אָרטאָגראַפֿיע וואָס האָט זיך גאונותדיק אויסגעאַרבעט אויף צו דערגרייכן די מאַקסימאַלע פּאָנעטישקייט און בשעת מעשה ניט דאַרפֿן אָנקומען צו איבעריקע נקודות.

דריטנס: די כלל־תקנות זיינען בעצם מער דעסקריפּטיוו ווי נאָרמאַטיוו; ביי אָנגענומענע וואַריאַציעס, ווייזן זיי אָן אויף די פֿאַראַנענע ברירות, אָנשטאָט מאַכן אַן אָנשטעל פֿון אַ פּוסק אחרון. פּונקט ווי ביים רוב שפּראַכן איבער דער וועלט, זיינען פֿאַראַן פֿאַרשיידענע סטילן אותיות און פֿאַרשיידענע וואַריאַנטן ביי געוויסע אָרטאָגראַפֿישע פּרטים. די תקנות שטאַמען ניט פֿון קיין ווילן „אויסצובעסערן" יידיש; פֿאַרקערט, זיי זיינען אַ פּועל יוצא פֿון אַ סיסטעמאַטישער שטודיע איבערן געשריבענעם יידיש אָנהייב ניינציקער יאָרן פֿון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, נעמענדיק אין באַטראַכט ביכער, זשורנאַלן און צייטונגען פֿון פֿאַרשיידענע לענדער און פֿון גרופּעס וואָס שיידן זיך שאַרף אונטער איינע פֿון דער אַנדערער.

פֿון די דריי פּונקטן ווערט שוין קלאָר דער יסוד. די קאָמיסיע, וואָס איז אויפֿגעשטעלט געוואָרן לויט דער איניציאַטיוו פֿון דער אָפּטיילונג פֿון יידישער שפּראַך און ליטעראַטור ביים אָקספֿאָרדער אוניווערסיטעט, האָט איינגעזען אַז עס האָט זיך גענומען שאַפֿן איבער דער וועלט אַ דעת הכלל, אין דער תורה וועלט, אין ליטעראַרישע און אַקאַדעמישע קרייזן, ביי שרייבער און געלערנטע אין פֿאַרשיידענע סביבות און לענדער, אַ דעת הקהל וואָס פֿאַרנעמט אַ „שביל הזהב" צווישן די צוויי פֿליגל: „קאָנסערוואַטיוו" (גיזאָגט, יאָהר, האָבען, מענשען, גע׳מסר׳ט)

און „ראַדיקאַל" (ווי צוזוקס, פּריזיק, שנייזיק, פֿאַר אַ יאָרן).

אַז אַ דעת הכלל האָט זיך געשאַפֿן, אָן דער קראַפֿט פֿון מלוכהשע דיקטאַטן און געזעצן, איז עס אַ סימן אַז די געשריבענע יידישע שפּראַך גייט פֿון זיך אויף אָט דעם דרך.

מחמת דעם וואָס די תקנות גייען מיטן אָנגענומענעם דרך פֿונעם רוב געדרוקטע ווערק אין משך פֿון די פֿאַרגאַנגענע זיבעציק יאָר, אָנשטאָט דעם עולם פּרובירן איבערצוציִיגן אין חידושים און תיקונים, איז קלאָר פֿון זיך אַליין אַז דאָ וועט מען אומזיסט זוכן אָריגינעלקייט. אָריגינעלקייט דאַרף זיך געפֿינען אין דעם וואָס מ׳טוט אויף מיט דער שפּראַך, ניט אינעם אויסלייג.

די כלל־תקנות זיינען אין די מערסטע פּרטים אידענטיש מיט דער נייער אָרטאָגראַפֿיע וואָס דער גרויסער יידישער פֿילאָלאָג זלמן רייזען הי״ד האָט איינגעסדרט אין זיין גראַמאַטיק אין יאָר תר״פ — 1920, אַ סימן דערויף וואָסער רואה את הנולד איז געווען זלמן רייזען. ברייט גענומען קען מען עס פֿאָרמולירן אַזוי: די תקנות זיינען אַ קאָדיפֿיצירונג פֿון דער נייער אָרטאָגראַפֿיע.

די כלל־תקנות שטעלן זיך צוויי צילן:

(א) פֿירן צו אַ בשותּפֿותדיקן אויסלייג ביי די אַלע וואָס געפֿינען זיך סיי ווי סיי אין אָרטאָגראַפֿישן צענטער פֿון דער שפּראַך.

(ב) שאַפֿן אַ פֿעסטן, איינגעפֿונדעוועטן געזעלשאַפֿטלעכן אָנשפּאַר פֿאַר דער נייער אָרטאָגראַפֿיע, ד. ה. פֿאַרן ברייטן באַנוץ פֿון דער מערהייט.

הירשע־דוד קאַץ
אָקספֿאָרד

## די אָרטאָגראַפֿישע קאָמיסיע:

### פּראָפֿעסאָר יוסף בר־אל

דירעקטאָר פֿון דער רינה קאָסטאַ קאַטעדרע פֿון יידישער שפּראַך און ליטעראַטור אין בר־אילן אוניווערסיטעט

### פּראָפֿעסאָר גרשון ווײַנער

דירעקטאָר פֿון יידישן לערער סעמינאַר אין תּל־אביבער אוניווערסיטעט

### ד"ר הירשע־דוד קאַץ

דירעקטאָר פֿון דער פּראָגראַם פֿון יידישער שפּראַך און ליטעראַטור בײַם אָקספֿאָרדער אוניווערסיטעט

### פּראָפֿעסאָר מאיר שוב

דירעקטאָר פֿון דער אָפּטיילונג פֿון יודאַאיסטיק בײַם ווילנער אוניווערסיטעט

# אינהאַלט

# 1

# גראַפֿיק

## 1.1 גענדזנפּיסלעך

עפּענענדיקע געענדזנפּיסלעך שטעלט מען פֿון אונטן, שליסנדיקע פֿון אויבן.

„אפשר״ איז אויך אַן ענטפֿער. ער האָט אַ זאָג געטאָן „ניין״.

## 1.2 מקף

דעם מקף מעג מען שרייבן און דרוקן מיט צוויי אַלכסונדיקע שטריכעלעך אָדער מיט איין גלייכן שטריכל.

שרה⸗חנה = שרה־חנה. חיים⸗בנימין = חיים־בנימין.

## 2

# פאָנעטישע ספעציפיצירונג

אין אַלגעמיינעם באַנוץ נייטיקט מען זיך אין דריי צוגאָבן צום אלף=בית: קמץ=אלף, פתח=אלף און אַ פינטל אין פא.

אָן ≠ אַן. מאָן ≠ מאַן. פוטער ≠ פוטער. פאַר ≠ פאָר.

דערצו קען מען זיך באַנוצן מיט נקודות אויף צו דערגיין צו ווייטערדיקער ספעציפישקייט (דער עיקר פאַר קינדער און אָנהייבער, אין לערנביכער און ווערטערביכער, און צו פאַרשיידענע וויסנשאַפטלעכע און לעקסיקאָגראַפישע צוועקן). נקודות ווערן אויך גענוצט אין קעפלעך פון ביכער און אַרטיקלען ווי אַ צירונג צו די אותיות, און ביי שווערע אָדער זעלטענע ווערטער, צו הילף צו קומען דעם לייענער.

## 2.1 פּתח צוויי יודן

דעם פּתח צוויי יודן (ײַ) ווענדט מען אָן אויפֿן כלל־יידישן ay (ליטוויש ay, פּויליש לאַנגער a, אוקראַיִניש קורצער a), אים צו דיפערענצירן פון כלל־יידישן ey (ליטוויש און אוקראַיִניש ey, פּויליש ay).

(איך) ווייס ≠ (שוואַרץ אויף) ווײַס. ווייַן (ניט) ≠ (אַ גלעזל) ווײַן. מיין (ניט) ≠ מײַן (בוך).

ביי אַ סך שרייבער און אין אַ סך ביכער, נוצט מען דעם ײַ קאָנסעקווענט. אַנדערע ווענדן אים אָן נאָר ביי זעלטענע יידישע ווערטער און נעמען, דער לייענער זאָל ניט האָבן קיין טעות.

אייער ≠ אײַער (אַ מין גראָז). הײַדוציטשעק (אַ שטעטל אין דער ליטע).

דאָרטן וואו מ׳נוצט ניט דעם ײַ איז אָנגענומען צו באַנוצן זיך מיט די ספּעציאַליזירטע דיפטאָנגען אַי און עי אַז ס׳האַנדלט זיך אין נעמען אָדער פרעמדע ווערטער וואָס קענען דעם לייענער זיין אומבאַקאַנט.

דער סענאַטאָר ראַיט. אַ שיף אין שיפּסעט בעי.

ביי עטלעכע ווערטער האָט זיך איינגעפעסטיקט די טראַדיציע צו נוצן קאָנסעקווענט די ספּעציאַליזירטע דיפטאָנגען.

מאַי (דער חודש; אויך אַ נאָמען פון אַ קוסט). אוקראַינע. העי! (דער אויסרוף) ≠ היי (וואָס אַ פערד עסט).

## 2.2 דגש און רפה

אַלע פיר פּאָרלעך עקספּלאָסיוון — ספּיראַנטן (בּ–בֿ, כּ–כֿ, פּ–פֿ, תּ–תֿ) קענען דיפערענצירט ווערן:

2.2.1 לויטן טראַדיציאָנעלן סטיל, מיטן דגש אין אַלע פיר עקספּלאָסיוון.

בּ ≠ ב. פּ ≠ פ. כּ ≠ כ. תּ ≠ ת.

2.2.2 לויטן סטיל פון דער ייוואָ, מיט דגש ביי טייל אותיות און רפה ביי טייל אותיות.

ב ≠ בֿ. כּ ≠ כ. פּ ≠ פֿ. תּ ≠ ת.

2.2.3 לויטן סטיל פון גרויסן ווערטערבוך פון דער יידישער שפּראַך, מיט דגש אומעטום און רפה ביי בֿ און פֿ.

בּ ≠ בֿ. כּ ≠ כ. פּ ≠ פֿ. תּ ≠ ת.

2.2.4 לויטן אָקספּאָרדער (און אַלט־יידישן) סטיל, מיט רפה איבער אַלע פיר ספּיראַנטן.

ב ≠ בֿ. פ ≠ פֿ. כ ≠ כֿ. ת ≠ תֿ.

הערה א: די אותיות בֿ, כּ, תּ, און תֿ טרעפט מען נאָר ביי ווערטער וואָס שטאַמען פון לשון קודש און אַראַמיש, וואו דער תלמיד פון יידיש דאַרף זיך דעם אַרויסרייד סיי ווי סיי אויסלערנען, אַזוי אַרום אַז די דיפערענצירונג בכתב איז אַ

קנאַפּע רפואה. דער תלמיד דאַרף זיך וואָס פריער צוגעוואוינען צום אַלגעמיינעם באַנוץ (אַ פּינטל אין פּ און שוין).

הערה ב: ביים שרייבן מיט דער האַנט קען מען נוצן דגש, צי רפה, צי ביידע, לויטן אייגענעם פאַרשטאַנד (דאָ גייט נאָך אַלעמען אין סטיל פון די אותיות), וואו נאָר דאָס קען מאַכן קלאָרער. אין אַ סך האַנטשריפטן, למשל, וואו ריש און כף זיינען ענלעך, איז אַ רפה איבערן כף אַ הילפסמיטל צום איבערלייענען. וואָס שווערער דער כתב, אַלץ מער דאַרף מען מפרט זיין.

## 2.3 שין און שׂין

פאַר קינדער און אָנהייבער קען מען בכתב דיפערענצירן ש און שׂ. וואָס פריער דאַרף מען אָבער דעם תלמיד צוגעוואוינען צו דעם אַז אין ביכער פאַר דערוואַקסענע דיפערענצירט מען זעלטן. דעם „שׂמאל" טרעפט מען נאָר ביי ווערטער וואָס שטאַמען פון לשון קודש, וואו מ'דאַרף זיך אין יעדן פאַל אויסלערנען דעם אַרויסרייד, און דערצו נאָך טרעפט זיך עס אין אַ קליינער צאָל ווערטער.

בשורה. ישראל. שמחה. שררה.

## 2.4 פֿאָנעטיזירונג פֿון סעמיטישן קאָמפּאָנענט

אין געוועזענעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד און אין פֿריערדיקע יאָרן אויך אין ראַדיקאַלע קרייזן איבער דער וועלט איז געווען אָנגענומען צו שרייבן ווערטער וואָס שטאַמען פֿון לשון קודש און אַראַמיש לויט דער פֿאָנעטישער סיסטעם פֿון יידיש (אָוואַדע, עמעס, קאַוואָנע). מ׳וועט דאַרפֿן ערשט זען צי די טראַדיציע וועט האָבן אַ המשך ביי יידן אין מזרח אייראָפּע. עס לאָזט זיך אויך מאָלן אַז צו געוויסע צוועקן וועלן ווייטער זיין אַזעלכע עקספּערימענטן (אַשטייגער אין דער פּאָעזיע).

אין אַלגעמיינעם באַנוץ קען מען שרייבן פֿאָנעטיש יענע ווערטער ביי וועלכע עס איז אָנגענומען (באַלעבאַטים, קלעזמער וכו׳). דאָרטן וואו דער סעמיטישער אויסלייג איז ניט קלאָר צוליב סופֿיקסן, מעג מען אויך שרייבן פֿאָנעטיש.

סאָפּלאָז. שיידימדיק.

# 3

# די „שטומע אותיות"

אין יידישן אויסלייג זיינען פֿאַראַן צוויי „שטומע אותיות": דער שטומער אלף און דער שטומער עין.

## 3.1 דער שטומער אלף

דער שטומער אלף קומט

3.1.1 אָנהייב וואָרט פֿאַר אַלע וואָקאַלן אַחוץ אלף און עין.

און. אויוון. אין. איי. אייזן.

3.1.2 אָנהייב שורש.

פֿאָראורטייל. אומאויפֿהערלעך. פֿאַראינטערעסירט. פֿאַראײן. באַאײנפֿלוסן.

3.1.3 אויף אָפּצוהיטן דעם יסודותדיקן כלל אַז קיין דריי אותיות די זעלביקע שרייבן זיך ניט נאָכאַנאַנד.

וואו. וואונדער. וואויל. פֿרואוון. פֿאַרטייאיש.

3.1.4 אָפּצוטיילן צוויי נאָכאַנאַנדיקע וואָקאַלן מ׳זאָל זיי ניט לייענען על פּי טעות ווי איין דיפטאָנג.

דערציאונג. העברעאיש. פריאיק.

הערה: צוליב אָט דעם „מחיצה־אלף״ (3.1.3 און 3.1.4) איז ניט נייטיק אין יידיש ניט קיין ִי און ניט קיין ַג. אַנדערשוואו דאַרף מען קיין ִי אויך ניט האָבן.

יידיש. יינגל. פריער. קיעוו.

## 3.2 דער שטומער עין

דער שטומער עין, וואָס אָדער ער איז אינגאַנצן שטום אָדער ער שטעלט מיט זיך פאָר אַ שווא, קומט פאַר אַ נון

3.2.1 נאָך די ווייטערדיקע אותיות:

(א) מם:

נעמען. קומען. שטאַמען.

(ב) נון:

באַנען. וואַזאָנען. מיינען.

(ג) נון גימל:

ברענגען. זינגען. קלינגען.

אָבער: ניט ביי געבויגענע אַדיעקטיוון (אויף אַ לאַנגן וועג).

(ד) נון קוף:

בענקען. געדענקען. זינקען.

אָבער: ניט ביי געבויגענע אַדיעקטיוון (מיט אַ פֿלינקן כאַפּ).

(ה) קאָנסאָנאַנט פּלוס למד:

איינוויקלען. גאָפּלען. שטאַפּלען.

(ו) אַוועלכן ניט איז אַקצענטירטן וואָקאַל:

אַרמייען. דרייען. קראָען.

3.2.2 ווען דער עין איז טייל פֿון שורש, און באַווייזט זיך אין דער ערשטער פּערזאָן (יחיד) פֿון ווערב (איך מוטשע זיך, סטאַרע זיך):

מוטשען. סטאַרען. קוואַקען.

הערה א: אַנדערשוואו איז ניטאָ קיין שטומער עין.

איילן. בעטן. גרינדן. זאַכן. טיילן. לאָזן. נוצן. פּרובירן. קריכן. שיסן.

הערה ב: פֿאַר למד איז קיינמאָל ניטאָ קיין שטומער עין.

בעטל. געסל. ווינקל. צעטל. שליסל.

4

# צוזאַמען אָדער באַזונדער

## 4.1 ביי אַדווערבן

איינאיינציקע אַדווערבן שרייבט מען צוזאַמען. אָפטמאָל דיפערענצירן זיך אַדווערבן פון קאָמבינאַציעס פון פרעפאָזיציע + אַדיעקטיוו, אַרטיקל + סובסטאַנטיוו א.א.וו.

**אָבעראַמאָל** (ווידעראַמאָל און אָבעראַמאָל. אָבער: בדרך כלל האַלט ער וואָרט, אָבער אַמאָל ניט)

**אַדאַנק** (אַדאַנק דיר בין איך דאָ. אָבער: אַ דאַנק!)

**אַהערצו** (ברענג עס אַהערצו! אָבער: קומען אַהער צו גאַסט)

**אויפסניי**

**אונטערוועגנס**

**אַזייגער** (פיר אַזייגער. אָבער: אַ זייגער וואָס גייט שלעכט)

**איבעראַיאָר** (מ׳וועט זיך טרעפן איבעראַיאָר. אָבער: איבער אַ יאָר קריגט מען זיך ניט, איבער הונדערט יאָר אפשר יאָ)

**איבעראַכטאָג**

**איבערהויפט**

**איבערמאָרגן**

**איינמאָל** (שוין איינמאָל אַ קענער. אָבער: איין מאָל, צוויי מאָל, דריי מאָל)

אינאײנעם (לאָמיר גײן אינאײנעם. אָבער: אין אײנעם אַ טאָג)
אינגאַנצן (אינגאַנצן אמת. אָבער: אין גאַנצן לאַנד)
אינגיכן (קומען אינגיכן. אָבער: אין גיכן עראָפּלאַן)
אינדערוואָכן
אינדערלופטן
אינדערפרי
אינמיטן
אַכלל (אַכלל, מ׳דאַרף וואַרטן. אָבער: אַ כלל אַ שווערער)
אַלעמאָל
אַמאָל (אַמאָל איז געווען אַ מעשה. אָבער: ער איז דאָ געווען אַ מאָל צען)
אַניט (אַניט טויג ניט. אָבער: ער איז אַ ניט מיט אַ גאָרניט)
אַפּנים (אַפּנים ווײס ער וואָס ער רעדט. אָבער: אַ פּנים פון אַ קינד)
אַקיצור (אַקיצור, וואָס ווילסטו? אָבער: אַ קיצור פון יעדן אַרטיקל אין בוך)
אַשטײגער (וואָס אַשטײגער? אָבער: אַ שטײגער לעבן)

באַצײַטנס
בײַטאָג
בײַנאַכט
ווײַבאַלד
ווידעראַמאָל
וויפיל (וויפל)
מיטאַמאָל
נאָכאַמאָל
נאָכמיטיק
פאַראַיאָרן
פאַראײנוועגס
פאַראַכטאָגן
פאַרוואָס (פאַרוואָס קומסטו ניט? אָבער: פאַר וואָס און פאַר ווען)
פאַרטאָג
פאַרנאַכט
פאַרצײַטנס
פונדעסטוועגן
צוערשט
צופיל
צורו (צורו לאָזן. אָבער: די תיבה איז געקומען צו רו)
צוריקגערעדט
צוריקגעשמועסט
צוריקוועגס
קײנמאָל

## 4.2 ביי סובסטאַנטיוון

נייע ווערטער אויסגעפֿורעמטע פֿון צוויי אַלטע ווערטער שאַפֿן זיך כסדר. די אָרטאָגראַפֿיע איז דאָ ביגעווודיק, זי גיט די מעגלעכקייט זיך צו באַנוצן מיט צוויי ווערטער סתּם (אוניווערסיטעט סטודענט) און זי גיט סיי דעם פּאָעט, סיי דעם מענטשן פֿון אַ גאַנץ יאָר, די פֿרייהייט צו שאַפֿן נייע ווערטער (סוצקעווערס „פֿידלרויז״, פּאַרלאַג „קינדערבוך״). אַחוץ דעם האַלט זיך די שפּראַך אין דעם פּרט גראַדע אין אַ תּקופֿה פֿון איבערגאַנג. דער נאַטירלעכער היסטאָרישער פּראָצעס פֿירט אַוועק פֿונעם דייטשישן מוסטער פֿון שרייבן צוזאַמען (לעקציעטור, קולטורבאַוועגונג) ביז צו דער מאָדערנער אינטערנאַציאָנאַלער טענדענץ אויף באַזונדער (לעקציע טור, קולטור באַוועגונג), אָפּטמאָל בלייבנדיק שטיין ביי דער צווישנדיקער סטאַדיע פֿון שרייבן מיט אַ מקף (לעקציע־טור, קולטור־באַוועגונג). דער חוש פֿונעם שרייבער איז דאָ וויכטיק. וואו אַ ספֿק דאַרף מען נוטה זיין צו באַזונדערקייט: צוזאַמען צי מיט אַ מקף איז דער דין: מיט אַ מקף; מיט אַ מקף צי באַזונדער איז דער דין: באַזונדער. דאָרטן וואו אַ שרייבער וויל בפֿירוש שאַפֿן אַ ניי איינאיינציק וואָרט איז אָבער דער דין: צוזאַמען. די ווייטערדיקע אָנווייזונגען זיינען געצילט צו שאַפֿן אַ סטאַנדאַרד ביי אַ גרויסן טייל ווערטער אין דער איצטיקער איבערגאַנגס־תּקופֿה.

4.2.1 צוזאַמען.

(א) צוויי סובסטאַנטיוון וואָס זיינען געוואָרן איין וואָרט שרייבט מען ווי איין וואָרט.

אוראייניקל. זייגערמאַכער. טאָגבוך. יאָרצייט. עלטערזיידע. קאָפּדרייעניש. קינדערגאָרטן. שרייבמאַשינקע.

(ב) צוויי סובסטאַנטיוון וואָס מ׳וויל פאַרוואַנדלען אין איין וואָרט שרייבט מען צוזאַמען (ס׳איז נאָך ניט קיין ראיה אַז דאָס נייע וואָרט וועט זיך אָננעמען; אָפּטמאָל זיינען דאָס איינמאָליקע שאַפונגען, בפרט אין יידישן ליד).

הימלליכט. וואַנטגייער. וואַקסמענטש. שטערנוועג.

4.2.2 באַזונדער.

באַזונדער שרייבט מען צונויפהעפטן וואו די ביידע באַשטאַנדטיילן זיינען געבליבן צוויי (אָדער מער) באַזונדערע ווערטער.

אוניווערסיטעט סטודענט. בלווישטיין קולטור צענטער. י.ל. פּרץ ליטעראַטור פונדאַציע. קולטור געשיכטע. ראַדיאָ סטאַנציע. שלום אונטערהאַנדלונגען.

הערה: די וועלכע ווייכן בכלל פון שרייבן באַזונדער, שרייבן מיט אַ מקף אין די אַלע פאַלן.

### 4.2.3 מיט אַ מקף

מיט אַ מקף שרייבט מען:

(א) טראַדיציאָנעלע יידישע נעמען וואָס באַשטייען פון צוויי נעמען; אויך טאָפּלטע פאַמיליע נעמען.

אבא=לייזער. יאַנקל=דוד. סימע=לאה. שרה=רבקה. צימערמאַן=וויינבערג. סעגאַלאָוויטש=האָפּשטיין.

(ב) צונויפהעפטן וואָס באַשטייען פון דריי אָדער מער ווערטער, כדי קלאָר צו מאַכן די צווישן=שייכותן צווישן די עלעמענטן: דרום=מזרח יידיש (=דער דרום=מזרחדיקער דיאַלעקט פון יידיש, פּאָפּולער „אוקראַיניש") ≠ דרום מזרח=יידיש (דער דרומדיקער טייל פון מזרחדיקן יידיש, וואָס נעמט אַריין סיי דרום=מזרח יידיש, סיי צענטראַל=מזרח יידיש — „פּויליש").

(ג) צונויפהעפטן וואו דער ערשטער עלעמענט ענדיקט זיך מיטן סופיקס =ס אָדער =ן.

פֿאָלקס=אוניווערסיטעט. סטודענטן=פֿאַראיין. פֿרויען=אָרגאַניזאַציע.

אָבער: דאָרטן וואו דער צונויפהעפט איז געוואָרן איין וואָרט, שרייבט מען צוזאַמען.

וואָכנבלאַט. פֿאָלקסמענטש.

(ד) צונויפהעפטן וואו דער ערשטער עלעמענט איז אַ שורש פון אַ ווערב.

בלאָז=מאַשין. זע=מחיצה. טאַנץ=אָוונט. רעקאָרדיר=מאַשין. שטיי=לאָמפּ.

אָבער: דאָרטן וואו דער צונויפהעפט איז געוואָרן איין וואָרט שרייבט מען צוזאַמען.

וואַכנאַכט. זוכצעטל.

(ה) אומעטום וואו מ׳האַלט אַז מיט אַ מקף איז קלאָרער (כל זמן מ׳האַלט נאָך אין דער סטאַדיע פון איבערגאַנג און אַ סך לייענער זיינען איינגעוואוינט צום מקף).

בוך־געשעפט = בוך געשעפט. גאַז־לאָמפּ = גאַז לאָמפּ. וואַלד־הויז = וואַלד הויז.

## 4.3 ביי אַדיעקטיוון

4.3.1 צונויפהעפטן פון צוויי אַדיעקטיוון שרייבט מען מיט אַ מקף.

קולטור־היסטאָריש. גביריש־אויספיינעריש. אַקאַדעמיש־וויסנשאַפטלעך.

4.3.2 אַדיעקטיוון וואָס באַשטייען פון צוויי אָדער מער עלעמענטן שרייבט מען מיט אַ מקף:

גמילת־חסדימדיק. לשון־קודשדיק. צער־בעלי־חיימדיק.

5

# פֿאַרשיידענע פּרטים

## 5.1 מ׳, מען, מע

פֿאַרן ווערב גילטן אַלע דריי וואַריאַנטן.

מ׳גייט (אָפּטסטער נוסח) = מען גייט = מע גייט.

## 5.2 ס׳, עס, סע

פֿאַרן ווערב גילטן אַלע דריי וואַריאַנטן.

ס׳איז גוט (אָפּטסטער נוסח) = עס איז גוט = סע איז גוט.

## 5.3 די סופיקסן ⸗הייט און ⸗קייט

דאָרטן וואו מ׳נוצט דעם פּתח צוויי יודן, נוצט מען אים אויך ביי די סופיקסן ⸗הײט און ⸗קײט, אָבער ניט ביים אַדווערביאַלן סופיקס ⸗ערהייט.

שיינהײט. יידישקײט. פרײהײט. אָבער: פרײערהייט.

## 5.4 די אָרדינאַלע ציפערן

ביי די אָרדינאַלע ציפערן גיט מען צו די סופיקסן ⸗טער, ⸗טע, ⸗טן, ניט קוקנדיק וואָס פאָנעטיש הערט זיך אַ סמך אין טייל פאַלן.

8טער\8טע\8טן. 13טער\13טע\13טן. 20טער\20טע\20טן. 69טער\69טע\69טן. 154טער\154טע\154טן.

## 5.5 די קלאַנגען דז, טש און נצ

דז, טש און נצ שרייבט מען בפירוש.

אונדז, גאַנדז; בענטשן, מענטשן; פינצטער, פענצטער.

## 5.6 דער סופֿיקס ־יק

דער סופֿיקס ־יק שרייבט זיך מיט אַ קוף, ניט מיט קיין גימל.

גליװיק, גליװיקע; װיכטיק, װיכטיקע.

## 5.7 דער סופֿיקס ־עך

די פֿאַרשיידענע ־עך סופֿיקסן (־לעך, ־עלעך) שרייבן זיך מיט אַן עין (כאָטש הערן הערט זיך אָפֿט אַן a).

פֿאַרדריסלעך. קינדערלעך. קליינלעך. שטעטעלעך.

## 5.8 װערטער װאָס שטאַמען פֿון לשון קודש

### 5.8.1 חסר און מלא ביים חיריק.

(א) פֿאַר איין קאָנסאָנאַנט שרייבט מען מלא (אַחוץ דאָרטן װאו עס האָט זיך איינגעפֿעסטיקט אַ טראַדיציע צו שרייבן חסר, אַשטייגער: נסים).

ביטול. חילול השם. כיבוד אב. מידה. נידה. קליפּה. שיטה.

(ב) פּאַר צוויי קאָנסאָנאַנטן איז גלייכער צו שרייבן חסר.

מדבר. מסחר. מזרח. מלחמה. מנחה. מסחר. מצווה. נבזה. נסתר. פּנחס. פּנקס. פּרקי אבות.

(ג) דאָרטן וואו אַ וואָרט הייבט זיך אָן מיט אַ יוד מיט אַ חיריק, איז גלייכער צו שרייבן מיט איין יוד.

יחוד. יחוס. יראת הכבוד. ישוב הדעת. ישראל.

5.8.2 חסר און מלא ביים מלאפּום.

ביים מלאפּום האָט זיך איינגעפעסטיקט די טראַדיציע צו שרייבן מלא, ניט שייך וויפל קאָנסאָנאַנטן ס׳קומען דערנאָך.

בושה. חופּה. חוש. נוסח. טומטום. יקום פּורקן. שולחן ערוך.

5.8.3 חסר און מלא ביים חולם.

ביים חולם שרייבט מען בדרך כלל מלא.

דוחק. חושך. לומדות. סוחר. עולם הבא. שוטה. שומר.

ביי עטלעכע ווערטער זיינען דאָ פּאַראַלעלע שרייבונגען.

כח = כוח. מת = מות.

ביי אַנדערע איז פאַראַן אַ פעסטע טראַדיציע אויף חסר.

כהן. נח.

### 5.8.4 קמץ=אלף און פּתח=אלף.

מ׳מעג שטעלן אָדער ניט שטעלן קמץ און פּתח ביי ווערטער וואָס שטאַמען פֿון לשון קודש און אַראַמיש. דער מנהג איז ניט צו שטעלן, בפֿרט אין דער שיינער ליטעראַטור (ניט שייך צי דער אלף האָט אַ קמץ צי אַ פּתח אין לשון קודש אָדער אַראַמיש).

אבידה. אדם הראשון. אסור. אבידה. אפּיקורסות. גבאות. דוגמאות. רמאות.

דווקא דאָס פ ע ל ן פֿון אַ נקודה קומט צו הילף ביים לייענען. ס׳גיט אַ ו ו י ז ו ע ל ן ס י ג נ אַ ל, אַז דאָ איז אַ וואָרט פֿון לשון קודש וואָס לייענט זיך ניט לויט דער פֿאָנעטישער סיסטעם. דער לייענער וועט זיך ניט נאַרן אַז דאָס וואָרט, טאָמער קען ער עס ניט, קען מען לייענען פֿאָנעטיש.

מ׳שטעלט אָבער יאָ אַ פּתח ביים אָנהייב פֿון אַדווערבן און פּרעפּאָזיציעס (וואו דער אלף פֿונקציאָנירט ווי דער פּרעפֿיקס אַ= אין דער פֿאָנעטישער סיסטעם).

אַדרבא. אַוודאי. אַחוץ. אַכלל. אַפֿילו. אַקיצור.

# 5.9 ראשי תיבות און קירצונגען

## 5.9.1 ראשי תיבות וואָס שטאַמען פון לשון קודש.

ראשי תיבות וואָס שטאַמען פון לשון קודש שרייבן זיך מיט צוויי שטריכעלעך (״) פאַרן לעצטן אות.

ב״ה = ברוך השם. בחדר״ג = בחרם דרבינו גרשום. ז״ל = זכרונו לברכה.
נ״י = נרו יאיר. ע״ה = עליו השלום. ע״ש = עיקר שכחתי.

דאָרטן וואו די ראשי תיבות זיינען געוואָרן ווערטער פאַר זיך (אַקראָנימען), מעג מען שרייבן אָדער ניט שרייבן די צוויי שטריכעלעך.

חב״ד = חבד. ש״ס = שס. תנ״ך = תנך.

ביי נעמען פון רבנים איז אָנגענומען דווקא צו נוצן די שטריכעלעך.

דער ב״ח. דער גר״א. דער רמ״א. דער ש״ך.

## 5.9.2 קירצונגען וואָס שטאַמען פון לשון קודש.

קירצונגען וואָס שטאַמען פון לשון קודש שרייבן זיך מיט איין שטריכל סוף וואָרט:

חנא בר׳ שלמה. ר׳ יוסף. ה׳ יתברך.

### 5.9.3 נומעראַציע מיטן יידישן אלף־בית.

ביי ציפערן, דאַטעס און יאָרן, וואָס שרייבן זיך מיטן יידישן אלף־בית, נוצט מען איין שטריכל ביי קיצורים וואָס באַשטייען פון איין אות, צוויי שטריכעלעך (פאַרן לעצטן אות), ביי מער ווי איין אות.

ד׳ אמות. ז׳ אייר תרנ״ז. י״ג שבט תשנ״ד.

### 5.9.4 אַלע אַנדערע קירצונגען.

ביי אַלע אַנדערע קירצונגען, נוצט מען אַן איינאיינציקן פּונקט נאָך יעדן פאַרקירצטן וואָרט, ניט שייך צי עס האַנדלט זיך אין איין פאַרקירצטן וואָרט צי מער ווי איין וואָרט. ביים וואָרט דאָקטער (אַלס טיטל), האָט זיך איינגעפעסטיקט אַ פּאַראַלעלע טראַדיציע צו שרייבן מיט צוויי שטריכעלעך (דר. = ד״ר).

א.א. = און אַנדערע. א.א.וו. = און אַזוי ווייטער. ד.ה. = דאָס הייסט. יאַנ. = יאַנואַר. נ.ב. = נאָכבאַמערקונג. נ.י. = ניו־יאָרק. סעפּט. = סעפּטעמבער. סעק. = סעקרעטאַר. פגל. = פאַרגלייכן. צ.ב. = צום ביישפּיל. רעד. = רעדאַקטאָר.

אָבער: ב. = באַנד, בב. = בענד; ז. = זייט, זז. = זייטן; נ. = נומער, ננ. = נומערן.

# 6

# גערליבענע וואַריאַציעס

פֿאַראַן צוויי ענינים וואו ס׳איז פֿאַרבליבן אַ פּרינציפּיעלער אונטערשייד צווישן דער „טראַדיציאָנעלער וועלט” און דער „ליטעראַרישער וועלט”. די כלל־תקנות קומען דאָ אויפֿצוצייכענען די וואַריאַציע.

## 6.1 איד, אידיש, אינגל — ייִד, ייִדיש, ייִנגל

אין דער טראַדיציאָנעלער וועלט שרייבט זיך מיט אלף.

איד. אידיש. אינגל. אינגער.

אין דער מאָדערנער ליטעראַטור שרייבט זיך מיט צוויי יודן.

ייִד. ייִדיש. ייִנגל. ייִנגער.

# 6.2 די גראַמאַטישע אַפּאָסטראָפן

די גראַמאַטישע אַפּאָסטראָפן זיינען די אַפּאָסטראָפן וואָס קומען אָנווייזן אויפן פּאָסעסיוו (לאה׳ס בלייער. משה׳ס בוך. דעם שוחט׳ס חלף. דעם טאַטנ׳ס וואָרט) און אויף די אָביעקטיווע בייגפאַלן (אַקוזאַטיוו און דאַטיוו) ביי נעמען (גערעדט מיט בתיה׳ן. געזען שלמה׳ן. אַ נייע טענה צו גאָלדבערג׳ן). אין דער טראַדיציאָנעלער וועלט נוצט מען בדרך כלל די גראַמאַטישע אַפּאָסטראָפן קאָנסעקווענט. אין דער ליטעראַרישער וועלט נוצט מען זיי ניט אין די מערסטע פאַלן (לאהס בלייער. משהס בוך. דעם שוחטס חלף. דעם טאַטנס וואָרט; גערעדט מיט בתיהן. געזען שלמהן. אַ נייע טענה צו גאָלדבערגן).

### 6.2.1 אָנווייזונגען צו דער טראַדיציאָנעלער סיסטעם.

(א) אין דער טראַדיציאָנעלער סיסטעם דאַרף מען דעם אַפּאָסטראָף ביי די אָביעקטיווע בייגפאַלן נוצן נאָר ביי פּרט־נעמען, ניט ביי אַנדערע סובסטאַנטיוון וואָס שטעלן מיט זיך פאָר מענטשן.

גערעדט מיט חיים־מאיר׳ן. מיט סימע־לאה׳ן. מיט גרינבערג׳ן. אָבער: מיטן טאַטן. מיט דער מאַמען.

(ב) ביי קאָנטראַקציעס שטעלט מען ניט קיין אַפּאָסטראָף.

אויפן. אונטערן. איבערן. לויטן. מיטן. נאָכן. פונעם.

(ג) ניטאָ קיין „עטימאָלאָגישער אַפּאָסטראָף״ אויף איינצוטיילן ווערטער לויט זייער אָפּשטאַם.

אַוועקגנבענען. גשמיותדיק. פאַרמסרן. רוחניותדיק. תכשיטל.

### 6.2.2 אָנווייזונגען צו דער ליטעראַרישער סיסטעם.

(א) אַפּילו אין די שטרענגערע נוסחאות פֿון דער ליטעראַרישער סיסטעם, נוצט מען די גראַמאַטישע אַפּאָסטראָפֿן ביי זעלטענע נעמען וואָס זיינען דעם יידישן לייענער ניט באַקאַנט, אַשטייגער: טאָקיקאָ׳ס בוך, גערעדט מיט טאָקיקאָ׳ן, ווייל „טאָקיקאָ" איז ניט קיין באַקאַנטער נאָמען און אָן דעם אַפּאָסטראָף איז אָדער שווערער צו לייענען (טאָקיקאָס) אָדער מ׳קען אַריינפאַלן אין אַ טעות (היות ווי די אָביעקטיווע ביינפאַלן ביי פּרט־נעמען זיינען סיי ווי ניט אָבליגאַטאָריש, קען מען ניט וויסן, אָן אַן אַפּאָסטראָף, צי דער נאָמען איז „טאָקיקאָ" צי „טאָקיקאָן").

(ב) גראַדע אין די ליטעראַרישע קרייזן זיינען דאָ וואָסאַמאָל מער סטודענטן וועמען טראַדיציאָנעלע יידישע נעמען זיינען ניט באַקאַנט, און אין דער נייער ליטעראַטור שרייבט זיך וואָסאַמאָל מער וועגן מענטשן וואָס געהערן ניט דער טראַדיציאָנעלער יידישער וועלט. וואו אַ ספק דאַרף מען דעם אַפּאָסטראָף שטעלן.

קומען מיט בלומע׳ן ≠ קומען מיט בלומען. אַ בריוו פֿון פּעלישיאַ׳ן. עמאַ׳ס ענטפֿער. דעקאַרט׳ס פילאָזאָפֿיע. שלמה מוינע׳ס (= שלמה בן מוינע) ≠ שלמה מוינעס (וואו די פֿאַמיליע הייסט „מוינעס").

# 7

# אָרטאָגראַפישע רשימה

## א

א.א. = און אַנדערע

א.א.וו. = און אַזוי ווייטער

אָבזערוואַציע (אָבסערוואַציע)

אָבזערווירן (אָבסערווירן)

אָבעראַמאָל

א.ג. = אַזוי גערופענער

אגב (אַגב)

אַדאַנק

א.ד.ג. = און דאָס גלייכן

א.ד.ט. = אויף דער טעמע

אַדרבא (אַדרבה)

אַהערצו

א.וו. = און ווייטער(דיקע)

אַוואו

אויבערפלעכלעך

אויטאָמאָביל (אָטאָמאָביל)

אויטאָמאָביל מעכאַניקער

אויסגעפינס

אויסדרוק

אויסדריקן

אויסנאַם

אויסערלעך

אויספּרואוון

אויספּירלעך

אויף

אויפאַמאָל

אויפלאַגע
אויפמערקזאַמקייט
אויפן
אויפסניי
אויפריכטיק
אוממעגלעך
אוממעגלעכקייט
אומעטום
אומפּאַרטייאיש
אומרואיק
אונגאַריש
אונגאַרן
אונדז
אונדזער
אונטערוועגנס
אונטערן
אונטערשייד
אוקראַינע (אוקראַאינע)
אוראייניקל
אוראַלט
אַזייגער
אָטאָ די (אָט אָ די)
אַטעאיזם

אָטעמען
איבעראַיאָר
איבעראַכטאָג
איבעראַנאַנד
איבערגענוג
איבערהויפּט
איבערמאָרגן
איבערן
אידיי (אידעע)
אידייאיש (אידעאיש)
איי איי איי!
אייבערראַבינער
(אויבערראַבינער)
אייגנאַרטיק
אייגנטלעך
איינאונאיינציק
איינגעוואוינט (איינגעוווינט)
איינדרוק
איינזאַם
איינמאָל
אייערנעכטן
איירעאָפּעאיש
אינאיינעם

אינגאַנצן
אינגיכן
אינדערוואָכן
אינדערלופטן
אינדערפרי
אינדרויסן
אין דר׳ערד
אינהאַלט
אין יעדן פאַל
אינטואיציע
אינמיטן
אינעווייניק
אַכלל (הכלל)
אַכציקסטער = 80טער
אַכצנטער (אַכצעטער) = 18טער
אַלאַרם
אַלדאָסבייז (אַלדאָס בייז)
אַלדאָסגוטס (אַלדאָס גוטס)
אַלס
אַלעמאָל
אַלעמערשטן
אַלערליי
אַלערלייאיקע

אַלץ
אַלצאיינס
אַמאָל
אַמבעסטן
אַמערגסטן
אַממערסטנס (אַמערסטנס)
אָנגענעם (איינגענאַם)
א.נ. = אויפן נאָמען (פון)
אַנדערש
אָנהייב
אָנהייבן
אַנטלייאונג
אַנטשולדיקן זיך
אַניט (אַנישט)
אָנערקענונג (אַנערקענונג)
אָנערקענען (אַנערקענען)
אָנשטאָט (אַנשטאָט)
אָנשטענדיק
אַסאָציאירט
אַפּנים
אַפּשיטא
אָפּטמאָל
אַפּריער

אָקט. = אָקטאָבער
אַקיצור (הקיצור)
אַראַמיש (אַראַמעאיש)
אַרבעטער
אָרגאַניזאַציע
אַרויסציען
אַרויסרייד (אַרויסרעד)
אַרכעאיזם
אַרכעאיש
אַשטייגער

## בּ

ב. = באַנד
באַאומרואיקן
באַאיינפלוסן
באַדייט (באַטייט)
באַדייטונג (באַטייטונג)
באַדייטן (באַטייטן)
באַוואונדערן
באַוואוסטזיניק
באַוואוסטזיניקייט
באָיקאָט
באַלעבאַטיש
באַלעבאָס
באָלשאָי
באַנוצן
באַן סטאַנציע
באַציאונג
באַצייטנס
באַציען
באַקאַנט (באַקאָנט)
באַרואיקן
באַשאַפונג
בב. = בענד
בוים (רבים: ביימער)
ביזן
בייטאָג
ביינאַכט
ביכער פאַרלאַג
בלוי (בלאָ)
בלויאינקע (בלאָאינקע)
בליען
בסודותדיק
בעדואינער
בעטלער

בעל מלאכה, בעל שם = בעל⸗
מלאכה, בעל⸗שם א.א.וו.

בפּירושדיק

בראָנז (בראָנדז)

בראָנפן (בראַנפן)

בראשיתדיק

## ג

גאָרנישט (גאָרניט)

גאָרנישניט (גאָרניטניט)

גבורהשאַפט

גוואַלד (געוואַלד)

גווייש (גויאיש)

גויים (גוים)

גזלענען (גזלען)

גייאיק

גיין אינפיניטיוו (מיר, זיי: גייען)

גלויבן סובסטאַנטיוו

גליאיק

גלייבן (גלויבן) ווערב

גלייכבאַרעכטיקט

גלייכצייטיק

גנבענען

געבוירן (געבאָרן)

געבוירנטאָג (געבאָרנטאָג)

געבורטסטאָג

געוואוינהייט

געוואויר (געוואָר)

געוואונטשן

געוואַקסן

געווייינלעך (געוויינטלעך)

געווען (געוועזן)

געטאָן (געטון)

גענדזנפּיסלעך

געשוואוירן (געשוואָרן)

געשריען (געשריגן)

גראַדע (גראָד)

גרוי (גראָ)

גרויאינקע (גראָאינקע)

גרוס

גריסן

# ד

ד׳ אמות (דלד אמות)

דאגהנען (דאגהן)

דאַוונען (דאַווענען)

דאַכטן (דוכטן)

דאָלאַר (דאָלער)

דאָנערשטיק

דאָקטער (דאָקטאָר)

ד.ה. = דאָס הייסט

דוגמא (רבים: דוגמאות, דוגמות)

דור־דורותדיק

דורכוים (דורכאוים)

דורכן

דורשטיק (דאָרשטיק)

דייטש (די שפּראַך)

דייטשיש אַדיעקטיוו = דייטש (אין אַ דייטש(יש)ער שטאָט; די דייטש(יש)ע ליטעראַטור)

דינסטיק

דעמאָלט (דעמלט, יעמאָלט, דאַמאָלס, דאַמאָלסט, דענסטמאָל, דענצמאָל)

דעצ. = דעצעמבער

דערהרגענען

דערוויל (דערווײַלע)

דערווײַלן

דערלויבעניש

דערלייגן

דערמאָנען

דערנענטערן (דערנעענטערן)

דערפאָלג

דערפילן

דערפינדונג

דערציאונג

דערציען

דערשיטערן

דערשיינען

ד.צ.וו. = דאָס ציטירטע ווערק

דר. (ד״ר)

דרוקפעלער

דרייסיקסטער = 30טער

דרייצנטער (דרייצעטער) = 13טער

דרשענען (דרשען)

## ה

האַלדז
האַנטשריפֿט
האַרצווייטיק
האַרצקלעמעניש
האַיאָר (היי=יאָר)
הלכהש
העברעאיזם
העברעאיסט
העברעאיש
הערצאָגיש

## וו

וואו
וואואַהין
וואוהין
וואויל
וואוילגעלערנט
וואוילטאָג
וואוילטעטיק
וואוילער יונג
וואוינען
וואולקאַן
וואונד
וואונדער
וואונדערלעך
וואונטש
וואונק
וואוקס
וואָסאַמאָל
וואָס פֿאַראַ (וואָס פֿאַר אַ)
וואָרענען (וואָרנען)
וויאַמאָל
וויבאַלד
ווידעראַמאָל
וויטיק
ווינטשן
וויפֿל (וויפֿיל)
וועכנטלעך
וועמענס
ועד הרבנים

# ז

ז. = זייט

זאַלבענאַנד

זאַלבעפערט

זאַלבעצווייט

זומערפייגעלע

זונטיק

זז. = זייטן

זיבעציקסטער = 70טער

זיבעצנטער (זיבעצעטער) = 17טער

זייגערמאַכער

זייט (זענט)

זיינען (זענען)

זעאונג

זעכציקסטער = 60טער

זעכצנטער (זעכצעטער) = 16טער

זעלבסטפאַרשטענדלעך

זעלבשטענדיק

זען אינפיניטיוו (מיר, זיי: זעען)

זענט (זייט)

זענען (זיינען)

זשאַנער (רבים: זשאַנרען, זשאַנערם)

# ח

חודשלעך

חסרון (רבים: חסרונות)

התמוגנען (התמוען)

# ט

טאָגבוך

טאָלסטאָי

טאָן (טון)

טואונג

טוויאיק

טיילמאָל

## י

יאָ (יע)

יאַנ. = יאַנואַר

יאַרמולקע (יאַרמלקע)

יאָרצייט

י.ה. = יאָרהונדערט

יונגערמאַן

יונגעלייט

יחום

ייד (איד)

יידיש (אידיש)

יידישקייט (אידישקייט)

יינגל (אינגל)

יישר כח (ש׳כח)

יסודותדיק

יראת הכבוד

ישוב

## כ

כהן

כח (כוח) (רבים: כוחות)

## ל

לאַטיין

לאָיאַל

ליטע (ליטא)

לייענען

## מ

מ׳ (מען, מע)

מאַי

מאַיאיק

מאַכאַרייקע (מאַכערייקע)

מאָנטיק

מדבר

מ.ה.ד. = מיטל=הויך=דייטש

מוז=זאַך

מח (מוח) (רבים: מוחות)

מוצאי שבת
מזרח
מזרח יידיש
מיטאַמאָל
מיטיק (מיטאָג)
מיטן
מיספאַרשטענדעניש
מלחמה
מנחה
מסחר
מעגלעך
מעגלעכקייט
מענטש
מענטשלעכקייט
מעסיק
מערב יידיש
מערין
מצווה
מקור (רבים: מקורות, מקורים)
מר. = מיסטער
מרס. = מיסעס
מ׳שטיינס געזאָגט
(מישטיינס געזאָגט)

משפחה
משפט

# נ

נ. = נומער
נאַאיוו
נאָכאַמאָל
נאָוו. = נאָוועמבער
נאָך אַלעמען (נאָכאַלעמען)
נאָכאַנאַנד
נאָכמיטיק (נאָכמיטאָג)
נאָענט (נאָנט)
נאָר
נבזה
נ.ה.ד. = ניי־הויך־דייטש
נוציק
נוצן (ניצן) ווערב
נוצן (נוין) סובסטאַנטיוו
נ.י. = ניו־יאָרק
נ״י = נרו יאיר
ניט (נישט)

נייטיק (נויטיק)

ניי־יאָר

נײַנציקסטער = 90טער

נײַנצנטער (נײַנצעטער) =

19טער

נייעס (נײַס)

ניצלעך

נישט (ניט)

נג. = נומערן

נסתר

נעענטער (נענטער)

## ס

ס׳ (עס, סע)

סואוואַלק

סואוועגער

סטאַנציע (סטאַציע)

סיי ווי סיי

סעפּט. = סעפּטעמבער

## ע

עלטערבאָבע

עלטערזיידע

עלף

עלפֿטער = 11טער

עמעצער (אימיצער)

ענטפֿער

עסייאיסט

עקזיסטירן (עקסיסטירן)

עקזיסטענץ (עקסיסטענץ)

ערב יום־טוב

ערנסט

## פּ

פּאַרטייאיש

פּויפּסט (פּויפּס)

פּיאָנער

פּלוצעם (פּלוצים)

פּנחס

פּנקס

פּראָזאַאיקער

פּראָפּ. = פּראָפּעסאָר

פּרואוו

פּרואוואונג

פּרואוון

## פֿ

פֿאָלגנדיק

פֿאָלקסטימלעך

פֿאַלש

פֿאַרא (פֿאַר אַ)

פֿאַראַיאָרן

פֿאַראיין

פֿאַראייניקט

פֿאַראייניוועגס

פֿאַראַכטאָגן

פֿאַראַנטוואָרטלעך

פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט

פֿאַרדרוס (פֿאַרדראָס)

פֿאַרדריסלעך

פֿאָרהאַנג

פֿאַרוואונדן

פֿאַרוואָס

פֿאָרווים (פֿאָראווים)

פֿאָרט

פֿאַרטאָג

פֿאַרלוירן (פֿאַרלאָרן)

פֿאָרלייענען

פֿאָרם (רבים: פֿאָרמען)

פֿאָרמע (רבים: פֿאָרמעס, פֿאָרמען)

פֿאַרנאַכט

פֿאַרסכהכלען

פֿאַרענטפֿערן זיך

פֿאַרצייטנס

פֿאַרשוואונדן ווערן

פֿאַרשווינדן

פֿאָרשטעלן

פֿאַרשיידענע (פֿאַרשידענע)

פֿאָרשלאַג

פֿאָרשלאָגן

פֿאָרשן

פֿאַרשעמט

פֿגל. = פֿאַרגלייך, פֿאַרגלייכן

פֿון דאַנעט (פֿון דאַנען)

פֿון וואַנעט (פֿון וואַנען)

פֿונדעסטוועגן
פֿופֿציקסטער = 50טער
פֿופֿצנטער (פֿופֿצעטער) = 15טער
פֿיינט (פֿיינד) סובסטאַנטיוו
פֿיינט האָבן
פֿיינטשאַפֿט (פֿיינדשאַפֿט)
פֿילאָזאָף (פֿילאָסאָף)
פֿילאָזאָפֿיע (פֿילאָסאָפֿיע)
פֿינף
פֿינפֿטער = 5טער
פֿינצטער
פֿעאיק
פֿעאיקייט
פֿעב. = פֿעברואַר
פֿעלז (פֿעלדז)
פֿענצטער
פֿערטער = 4טער
פֿערציקסטער = 40טער
פֿערצנטער (פֿערצעטער) = 14טער
פֿראַנצייזיש (פֿראַנצויזיש)
פֿריאיק
פֿרייטיק
פֿריינט „קרוב"
פֿריינט (פֿריינד) „חבר"
פֿריינטשאַפֿט (פֿריינדשאַפֿט) „חברשאַפֿט"
פֿריינטלעך (פֿריינדלעך)
פֿרייער

## צ

צ.ב. = צום ביישפּיל
צואוואַקסן
צואוואוקס
צו גאַסט
צוואַנציק
צוואַנציקסטער = 20טער
צווישן
צוועלף
צוועלפֿטער = 12טער
צוים (צאַם)
צוניץ קומען
צוערשט

צופאַל

צופיל

צוציאיק

צוציענדיק

צורו

צוריק

צוריקגערעדט

צוריקגעשמועסט

צוריקוועגס

צורעכטמאַכן

צושטאַנד

צענדליק

צפון יידיש

# ק

קאָפּדרייעניש

קאָפּווייטיק

קוים

קולטור אָוונט (קולטור־אָוונט)

קולטור געשיכטע (קולטור־געשיכטע)

קולטור פאַרבאַנד (קולטור־פאַרבאַנד)

קולטור קאָנגרעס (קולטור־קאָנגרעס)

קומעדיק (קומענדיק)

קיילעכדיק (קיילעכיק)

קיינמאָל

קינדערגאָרטן

קלייבן

קנאה

קעגנאיבער

קעניג (קיניג)

קענען (קאָנען)

קרובהשאַפט

# ר

ראָל (ראָלע)

ראַנדעוואו

רואינירן

רואיק

רייכערן (רויכערן)

רייזע

רעד. = רעדאַקטאָר,
רעדאַקטאָרן, רעדאַגירט

רעדן (ריידן)

רעפֿאָרם

שעפֿערישקייט

שקיעהדיק

שרייבמאַשינקע

## שׂ

שׂמחה

שׂנאה

שׂריפֿה

## ש

שאַנדע (שאַנד)

שבת צו נאַכט (שבתע-נאַכט)

שול

שטאַנדפּונקט

שטאָק

שטייאיק

שייכותדיק

שיק-יינגל

שנייאיק

שעה (רבים: שעהן)

## ת

תּהלים (תּהילים)

תּמעוואַטע

תּשעה-באָב

תּשרי



# כלל־תקנות
# פון יידישן אויסלייג

---

לויטן הסכם פון תשנ״ב — 1992 צווישן
די אָפּטיילונגען פון יידישער שפּראַך און ליטעראַטור ביים:

## אָקספאָרדער אוניווערסיטעט
## בר־אילן אוניווערסיטעט
## ווילנער אוניווערסיטעט
## תל־אביבער אוניווערסיטעט

---

פאַרלאַג „אָקספאָרדער ייִדיש״
בשותפות מיטן
אָקספאָרדער צענטער פאַר העכערע העברעאישע שטודיעס
אָקספאָרד
תשנ״ב—1992